דער ניסטער

# דריי מייסעלעך

צייכענונגען פון פ־אדקין און בלאנק

[illegible] יידישע ביבליאטעק
אין פרעסע ארכיוו

PRINTED in U. S. S. R.

קינדער־פארלאג. 1934

# דער טויט פון א כינעזער

1

צי כ׳האָב עס געהערט,
צי כ׳האָב ערגעץ געלייענט,
ווי אזוי א כינעזער
האָט זיין טויט גיך באוויינט.

מ׳האָט אים געכאפּט
(זיין פארברעכן איז גרויס),
ווען געדרוקט ער האָט בלעטלעך
אין א אומלעגאַל הויז.

מ׳האָט אים געפּאַקט
בײַ א דרוקער־מאשין,
ווען געדרוקט האָט אַן אופרוף
צו כינעס לאנדס זין.

„כינעזער, א שאנדע!—
האָט דאָס בלעטל געזאָגט—
קיין לאנד פאראזיטן,
ווי אונדזערס, פארמאָגט.

„קיין לייב ווערט געפּרעסן,
„ווי מיר דאָ אין לאַנד,
„פון אייגענע, פרעמדע,
„וואָס מאַכן אײַן האַנט.

„אַפּ דריקן, אויספּרעסן
„דאָס בעסטע פון אונדז,
„און רייך זיי צו ווערן—
„זיי ווייסן די קונץ.

„אַפּ אָרעמע כעזשבנן,
„אַפּ ביסן פון מויל
„פון אונדזערע ברידער
„זיי מאַכן זיך וווילּ.

„שטייט אויף זשע, איר ברידער,—
האָט דאָס בלעטל געזאָגט—
„די אייגענע סאָנים
„און פרעמדע פאַריאָגט.

„פאַריאָגט, טרייבט אַרויס,
„פאַרניכטעט ביז שפּענט"...

. . . . . . . . . . . . . . . .

האָט זיך פּלוצים באַוויזן
א געהיימער אַגענט.

און געטראָפֿן, געפּאַקט
באַם פֿאַרבּרעכן, וואָס גרויס,
דעם אַרבּעטער־דרוקער
אין אומלעגאַל הויז.

איז גלייך צוגעגאַנגען
דער געהיימער אַגענט
און קייטלעך פֿאַרוואָרפֿן
אויפֿן אַרבּעטערס הענט

און האָט זיי געשלאָסן,
און יענער—געשמידט;
געלאָזט אים פֿאָרויסגיין,
ער—הינטן אים היט.

גייט נאָך אים און פֿירט אים—
אַ הונט אויף זיין שפּור,—
ער היט אים און פֿירט אים
אין קאָמענדאַנטור.

2

און אַ צייט, מיינע ליבע,
אַ צייט אַזאַ איצט,
ווען ס'ווילדעוועט טעראָר
און סוינעס שווערד בליצט...

אין אַ צייט אַזאַ, ווייסט איר,
ס'איז קלאָר דאָך, געוויס,
ווען אַן אַרבעטער פּאַקט זיך —
ניט גוט איז, איז מיעס..

באַזונדערס נאָך דאַרטן,
ביפּראַט אָט־אָ דער,
ווען ס'קלאָרע באַווייזן,
וואָס דאַרף מען דען מער?

איז ער שוין פאַרמישפּעט...
אַ הונט אַף זיין שפּור
גייט נאָך אים און פירט אים
אין קאָמענדאַנטור.



ער היט אימ אונ פירט אימ
אינ קאָמענדאנטור

און ווייט נאָכ צו גיין
פונ ד'אָרט איז אהינ,
און ווייט ביז צו קומענ
אינ נעצ פונעמ שפינ.

פונ דאָרט, ווו געווויינט
יענער אָרבעטער האָט,
ביז הויפ פונעמ מישפּעט
אינ צענטער פונ שטאָט,

א וועג דורכצומאכנ
א ווייטנ קומט אויס...
און ווער סע דערזעט זיי,
דעמ קאָפּ דרייט ער אויס.

דרייט אויס און באקוקט זיי
און שטילערהייט זעט,
אז איינער פונביידנ
זיינ לעצטנ גאנג גייט...

שוינ לעצטנ גאנג גייט ער,
ווייל אזוי האָב געהערט—
אינ הויפ פונעמ מישפּעט
אזוי געטאָנ ווערט:

מע פירט און מע ברענגט,
און מע קומט, און מער גאָר, —
קיין איבעריקס ברויכט ניט
די הענקערשע וואָר...

קיין איידעס, געריכט — ניט,
און אַלץ איז שוין גרייט,
אין הויף אינדערמיט נאָר
אַ קלאָץ איינע שטייט.

די חייל פאַר אַ מענטשן
צום קעפּן געבראַכט,
און הענקער שוין וואַרט אים...
און געווען איז פאַרנאַכט.

4

זיינען צוויי דאָן אריין,
אינעם טויער פון הויף
האָט געוואַרט, ווער געוואַרט,
ווי געזאָגט שוין דערויף.

איז די זון דאָן פאַרגאַן
אפן הימלשן ראַנד,
האָט זי יענער באַגריסט
מיט אַ מאַך מיט דער האַנט.

און גלייך צוגעגאַנגען
צום הענקער, צום קאַט,
און אַ זאָג געטאָן גלייך אים
אין פּנים קימאַט:

„זאָל לעבן די זון,
„וואָס איז נאָרוואָס פאַרגאַן,
„פאַר ליכטיקע טעג נאָך
„פיל זונען פאַראַן.—

„און אַנדערע קומען
„פאַרבייטן מיין אָרט,
„וואָס איך ניט געטאָן האָב,
„דערטאָן ווערט דאָך פאָרט.

„און אָט איז מיין קאָפּ אייך,
„איך לייג אים אוועק,
„אָבער קומען א טאָג וועט,
„יענער טאָג פון די טעג"!..

און וואָס ז'געשען,
אייך דערציילן כ'פארשפּאָר,
אָט אזוי זעט זי אויס,
יענע הענקערשע וואָר.

צי אזוי האָב געהערט,
צי מ'האָט מיר דערציילט,
נאָר אזוי האָב כינעזער
זיין טויט איך באווײנט.

# א מײַסע מיט א בער

כ׳וויל א מײַסע אײַך דערצײלן,
ווי ס׳אמאָל, צוריק מיט יאָרן,
ווינטער־צײַטן האָלץ צו האַקן
אין א וואלד א מענטש געפאָרן.

אין א גרויסן, א געדיכטן,
מיט א פערד און מיט א שליטן
האָט פון וועג אראָפּגעקערט זיך
און אין וואלד אַרײַן אינמיטן.

און געקומען, צוגעגאנגען
צו א בוים צו א געזונטן,
און מיט האַק האָט זיך פאַרמאָסטן
צו זײַן וואָרצל אים פון־אונטן.

און א האַק געטאָן א רעכטן,
איינס און צוויי — דער מענטש קאָן האַקן,
האָט דער בוים גענומען קרעכצן
און די צווייגן זײַנע קנאַקן.



און מיט האק האָט זיכ פארמאָסטנ
צו זײנ וואָרצל אימ מוגונסנ

האקט דער מענטש, און שפענער פאלנ,
האק אינ קארב און העק אינ קארבנ,
האָט דערזענ דער בוימ—געקומענ
איז זיינ צייט איצט שוינ צו שטא בנ.

האָט ער לאנג זיכ ניט געגעבנ,
אָבער מענטש האָט אימ גענומענ:
האָט א קראכ געטאָנ א לעצטנ,
בוימ א זיפצ געטאָנ א שטומענ.

און א פאל געטאָנ א טויטער...
האָט מיט שפּיצ זיינעמ געטראָפנ
אינ א בער, וואָס איז געלעגנ
און זיינ ווינטער־שלאָפ געשלאָפנ.

האָט זיכ אופגעכאפט דער בער דאנ
און פונ גרוב א קוק געגעבנ,
האָט דערזענ: דער מענטש אנטלאָפנ,
פערד און שליטנ נאָר פארבליבנ.

האָט א לאָז געטאָנ דער בער זיכ,
בוימ און צווייגנ אויסגעמיטנ,
און געוואָלט אפ פערד א שפּרונג טאָנ,
איז אויינ מיט פיס אינ שליטנ



האָט זיכ אופגעכאפט דער בער דאנ
אונ פונ גרוב א קוק געגעבנ



וענ האָט זיך טראָגנ
אונ מיטנ שליטנ

אין א לאָך אונ דאָרט פאַרהאַקט זיך
בא דעם שליטנ־עק, באַם שטאַפּל
האָט דאָס פערד דערפילט סאַקאָנע.
האָט דאָס פערד געטאָן א צאַפּל

אונ א ריס געטאָן פונ אָרט זיך
אונ גענומענ האָט זיך טראָגנ,
מיטנ בער אונ מיטנ שליטנ
אינ דער וועלט אַריינ זיך יאָגנ

דורך דעם וואַלד אונ צווישנ ביימער,
אונ אָפּ וועגנ אונ ניט וועגנ,
ווי פונ בייטשנ פיל געטריבנ
אַלע אומגליקנ אַנטקעגנ:

זאָל זיך טרעפנ, וואָס ס׳וועט טרעפנ,
זאָל עס פאַלנ, זיך צעשלאָגנ
אינ א גרוב, צי אינ א גראָבנ —
פערד וועט לויפנ, פערד וועט יאָגנ.

. . . . . . . . . . . .

פרעגנ קינדער, ווילנ וויסנ:
אונ דער מענטש ווי ז׳היינ געקומענ?
ענטפערט מענ זיי: מיטנ פרילינג,
מיטנ וואַסער איז פאַרשווומענ.

און א טייל אזוי גאָר זאָגנ,
אז אינ וואלד איז ער פארבליבנ;
ווענ ער האָט א טינט און פעדער,
וואָלט זיינ לעבנ דאָרט באשריבנ.

# דער פוקס און דער בער

(א שפּאַס־מײַסעלע)

1

אכ, ווער איז א באלן,
א באלן איז ווער,
ארויסגיין זיכ שלאָגן
אנטקעגן דעמ בער.

דער בער וויל זיכ שלאָגן,
איז גרייט און האָט מאכט,
האָט נאָרוואָס פון ווינטער,
פון שלאָף אופגעוואכט

און קומט פון זיין ליג־לאָכ
מיט בלעטער באדעקט,
האָט לאנג ניט געגעסן,
קיין האָניק געלעקט.

און שמעקט נאָך מיט ליג־לאָך,
מיט פויל־בלאט און גראָז,—
קומט בער־קאָפּ, קומט דריי־קאָפּ
מיט נישטער אין באָז.

2

און פוקס גייט פונפאָרנט,
ער גייט אים פאָרויס
און פירט אים אפ רינג־פלאצ,
אפ רינג־פלאצ ארויס.

און גרויס איז דער רינג־פלאצ,
און רונדיק און ווייט,
ס'איז קיינער ניטאָ נאָך
צו יענער נאָך צייט.

3

צו ווינט און צו ליידיק,
צו הימל און ערד,
ווער אויערנ האָט באָר,
ווער אויערנ—הערט.

דער פוקס האלט א רעדע
צו אלעמ זיך ווענדט:
„ווער ס'וויל און האָט כיישעק,
„ווער פיס און ווער הענט,



און פוקס גייט פונפאָרנט,
ער גייט אים פאָרויס,
און פירט אים אפ רינג־פלאצ,
אפ רינג־פלאצ פרויס

„ווער מוט און באגערן
„מיט בער אין געשלעג,
„דער זאָל איצט ארויסגיין,
„דער זאָל איצט און מעג.

„ווייל ווער איז א שלעגער,
„א שלעגער איז דער,
„ווער ס'האָט אין זיך דרייסטקייט
„זיך ראנגלען מיט בער.

„אָט דער איז א דרייסטער,
„אן איינשטעלער איז,
„און וועט בער אים באקעמפן,
„גיט בער אים א פריז:

„דער בער וועט אים נעמען,
„אים ברענגען צו זיך,
„און גלייך אים אָפגעבן
„דעם קעכער אפ קיך.

„און קעכער וועט נעמען
„אים שניידן אפ שטיק,
„איין האלב וועט ער קאָכן,
„האלב לאָזן צוריק.



און קעכער וועט קאָכנ
די צווײטע האלב אויכ

„און בער וועט אים עסן
„און שלינגען אפגיכ,
„און, שלינגענדיק, שרייען
„מיט קוילעס אין קיך.

„ווייל זיין וועט אים ווייניק
„און וועלן וועט נאָך,
„און שרייען צום קעכער:
„די צווייטע האלב קאָך!"

„און קעכער וועט קאָכן
„די צווייטע האלב אויך,
„און שמעקן וועט צווייטע
„מיט טשאד און מיט רויך.

„מיט טשאד זאָל זי שמעקן,
„דעם בער מאכט ניט אויס,
„ווייל גרויס איז זיין הונגער,
„זיין הונגער איז גרויס.

„געקאָכט איז געקאָכט,
„און ווען ניט, איז אויך רוי"...
האָט פוקס דאן פארענדיקט
זיין רעדע אזוי.

און בער איז א פרעסער,
ווי באוווּסט שוין פון לאנג,
אפ זשערלעווער קישקע
און מאָגן איז קראנק.

אז מע רעדט נאָר פון עסן,
שוין סלינע אים רינט,
און דערום און פארשטענדלעך
ווערט זיין שוין אצינד,

אז נאָך דעם, ווען פוקס
אזא רעדע ער האלט,
האָט בער זיך דאן עסן,
שטארק עסן פארוואָלט.

און בער האָט געדרייט זיך,
ארום זיך געקוקט,
אפ זייטן פארנויגט זיך,
אפ פאָרנט געבוקט.

ווייל געדאכט האָט דעם בער,
אז דער קאמף שוין צו ענד,
האָט דערום זיך צום אוילעם
מיט נויגן געווענדט.

צומ אוילעמ... צומ פוקס,
אונ דער פוקס איז אליינ,
איז זיכער דער פוקס דאָכ
זיינ קעגנער געווענ.

אונ בער האָט באקעמפט אימ,
אונ זיכער איצט איז,
דאנ קומט, ווי געזאָגט דאָכ,
דעמ פוקס אויכ דער פריז.

ווייל א וואָרט איז א וואָרט,
אונ געזאָגט, איז געמיינט.—
האָט פלוצימ דער פוקס זיכ
דאנ ביטער צעוויינט...

נאָר איינגעשטילט האָט אימ
דער בער אָבער שנעל,
אונ אָנגעהויבנ האָט ער
פונ פוקסישער פעל.

פונ פעל אונ צומ פלייש,
פונ פלייש אונ צומ ביינ,
אונ געגעסנ פאמעלעכ
אָנ זאנפט אונ אָנ כריינ.



האָט פּלוצים דער פֿוקס זיך
דאַן ביטער צעוויינט..."

אָן קעכער, אָן קאָך,
און אָן א טשאד און אָן א רויך
די ערשטע, ווי צווייטע,
די צווייטע האלב אויך.

געקאָכט, ניט געקאָכט,
איז דאָס פלייש געווען רוי..

. . . . . . .

האָט בער דאן זיין סודע
פארענדיקט אזוי...



האָט בּער דאַן זײַן סורע
פאַרענדיקט אַזוי...

# אינהאלט: